אידאַ גלאַזער-אַנדרוס

# אין האַלב-שאַטען

פאַרלאַג „קולטור“
ניו יאָרק
1922



אין האַלב־שאָטנן

זאָל זיין אַזוי...
ליכט און שאָטען
טרוקענער געוויין
מיט אַ תּפילה
אויגען
שלאָף
דער ווינט
אויגען
דיין וועג
דער לעצטער קלאַנג
אויפ'ן שייד־וועג
צו וואָס?
דו וועסט מיך זוכען
פריינדשאַפט
האָסט מיך געלאָזען פריי

דער אָנהויב פון אַלע סוף'ען:
דער סוף פון אַלע אָנהויבס;
דאָס גייסט-געשטאַלט,
וואָס שווימט אַרום פון מיטען דעם געדיכטען
נעפּיל פון מיינע אילוזיעס—
דאָס ביזטו.

וואָלסטו געווען כאָטש פלייש און בלוט,
אַ לעבעדיג און פול-פאָרמירט געשטאַלט.
אָבער — שאָטען... שאָטען... שאָטען...
דאָס ביזטו.

אַז דו לעבסט בלויז מיט מיין אייגענעם לעבען
וואָס איך בלאָז אריין אין דיר.
אַז דו אָטעמסט נאָר די לופט,
וואָס איך אָטעם אריין אין דיר.
אַז דיין בלאַסער פּנים רויטעלט זיך
בלויז אונטער מיין הייסען הויך,
וואָס דו פילסט אויף זיך.

אַז דיין בלוט פולסירט
נאָר מיט דעם שנעלען טעמפּאָ,
וואָס מיין אייגען בלוט פאַרמאָגט —
וואָס זאָל איך טאָן?
וואָס זאָל איך טאָן?

גיסט זיך אַזוי די היץ פון מיין בלוט
אַריבער צו דיר.
אָטעמט זיך אַזוי מיין אָטעם אריין אין דיר,
דאָס ליכט פון מיינע אויגען
שיינט זיך אריין אין דיינע —
און דו פאַרבלייבסט, ווי פריהער:
שאָטען... שאָטען.. שאָטען.
איז מיר באַשערט אזוי.
זאָל זיין אַזוי —
זאָל זיין אַזוי...

## א

פאַרוואָס ביזטו צו מיר אין הויז געקומען,
ווען דער טאָג האָט זיך געראַנגעלט מיט דער נאַכט?
וואָס האָסטו געזוכט? וואָס האָט דיר געפעלט?
דיין קלונג איז געווען אַזוי שטיל, אַזוי שוואַך —
אַז איך האָב געצווייפעלט: שטעהט עמיצער איצט
ביי מיין טיר?
ביסט געשטאַנען פון יענער זייט שוועל
ווי אַ ליכטיגער פלעק אין דער פינסטערניש,
און דיין קול האָט געקלונגען ניט זיכער:
— „האָב איך אפשר געשטערט?"

— — — — — — — — — — — — — — — —

האַלב-פרעמדע האָבען מיר אַ וואָרט געזוכט...
געשטאַמעלט פון דעם און פון יענעם...
מיר זיינען אינגאַנצען אַנטשוויגען...
און שווער איז געווען פאַר מיר יענע מינוט...
וואָס קען איך, אַ פרעמדען, דען זאָגען?
איך האָב פון דער זייט אויף דיין פּנים געקוקט:
אַ בלאַסער, באַוועגלאָזער פּנים
מיט פינסטערע בליקען וואָס בליקען אויף גאָר נישט...
און קוקענדיג האָב איך דערפילט:

אַ מענש איז פון זיך און פון עפּיס אַנטלאָפן —
האָט אָבער זיין אומעט מיט זיך מיטגעבראַכט...
האָב איך אין דער פינסטער געפונען דיין האַנט
און שטיל זי באַרירט.
האָסטו שטום מיך באַטראַכט.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

איין וואָרט, איין דרעה פון געשפּרעך —
און געפּליסט האָבן ווערטער אַזוי גרינג, אַזוי פריי...
געדאַנק האָט געבליצט נאָך געדאַנק...
געמיט האָט באַגעגנט געמיט...
אין דער פינסטער האָבן דיינע אויגן ווי גליה־
ווערים געלויכטען.

ב

געבענשט זאָל זיין דאָס ראַנגלען זיך פון טאָג מיט נאַכט
וואָס האָט דיך צו מיין טיר געבראַכט.
פאַרלאָזטו מיך, — ווער איך אַ פרעמדע.
רעדט צו מיר ווער — ענטפערט ווער אין מיר,
לאַכט מען — לאַכט ווער מיט...
צווינגט די ערשטע זיך אין מיר —
גיסט און פליסט זיך ליד נאָך ליד,
זי וויל פאַרקלינגען און פאַרטויבען יענעם קול —
דיין קול.
— „ווי אויפגעלעגט דו ביסט היינט, זעה!"
זאָגען שטובינגע צו מיר.
שענק איך זיי אַן אויגען בליץ —
און בענש זייער אונוויסענהייט.
לויפט אַזוי דער אבענד זיך זיין וועג
ביז איך דאַרף שוין שלאָפען געהן.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

מיט אויגען שאַרף-צועפּענטע קוק איך אין דער
פינסטערניש
ביז זי שניידט זיך דורך.
ציטערט דיין געבעט:

— „איך בין פול מיט דאַנקבאַרקייט צו דיר,
צו דיין גאַס,
צו דעם גלעקעל וואָס ציטערט אויף דיין האַרץ,
צו דער גאַנצער וואַכעדיגקייט פון מיין איינזאַמען לעבען
וואָס האָט זיך דערוואַרט אויף אַ יום־טוב.“
און נאָך:
— „אין באַריר מיט דיר —
טאַנצט אין מיר אַ ניט גאַסיגע, איינגעשלאָסענע פרייד.
„קום מיט ליבשאַפט און דערבאַרימונג!“

ג

די נאַכט פאַלט צו.
קוים וואָס עס מערקען זיך קאָנטורען פון בילדער
און מעבעל ארום.
אַ בליק פון לבנה-אויג דרינגט דורך די שויב
און פאַלט אויף מיין קלייד, אויף מיין האַנט,
אויף מיין אָפענעם בוך.
ס׳איז אָפען דאָס בוך, שוין פון לאַנג, שוין פון לאַנג, —
און קיין בלעטעל ניט איבערגעמישט.
שוין לאַנג אַז איך קוק אין דעם טונקעלען דרויסען
ארוים.
שטיל איז אַרום.
צינדען זיך פייערליך אָן אין די פענסטער,
רייסען א דורך די פינסטערניש,
ברייננגען צושטערונג אין דער שטילקייט אריין.
דערשרעקען זיך שאָטענס אין הויז און ציטערען
אויף אין זייערע ווינקלען...
דערשרעקען זיך מיינע חלומות און ווערען
פאַרשוואונדען...
בלויז דיין שטיל קלאַפען אין מיין טיר —
ציטערט נאָך אין מיר, דיין שטיל געבעט:
„קום מיט ליבשאַפט און דערבאַרימונג“.

ד

אויפ׳ן שוים האָב איך מיין איינזאַמקייט אויפגעצויגען.
מיט אויגען פאַרמאַכטע, און ציין פון ווערהטאָג פאַר־
קריצטע, האָב איך זי אַזוי לאַנג צו מיין הארצען
— געדריקט
ביז זי האָט מיט מיין בלוט זיך צוזאַמען געגאָסען.
וואָס אַרט דיך, אַז דאָס לעבען מיינס פליסט זיך
איצט שטיל אין די ברעגען פאַרצאַמט?
קומסט און זאָגסט:
— „קום מיט מיר!“
ווי אַ שטיין אויפ׳ן שפּיגעל פון שטילען וואַסער
איז דיין רוף איצט געפאַלען.
ברייטער און גרעסער זיך שפּרייטען די קרייזען
אין מיר;
די אונרוה — זי האָלט שוין דעם קאָפּ
אויפגעהויבען...
— !פאַרפאַלען
!פאַרפאַלען

ה

שטענדיג קלינגט אַצינד דיין קול — מיך רופענדיג.
וואָס ווילסטו, וואָס רופסטו — דו וועדסט גאָר נישט
מיד.
וואָס רעדסטו צו מיר אויף דיין שפּראַך דער
פילפאַכיגער?
רופסט מיך — וואוהין?
איך וויים ניט דעם וועג; דו ווייסט אים אליין ניט.
און וואָלטען מיר געלאָזט זיך אַ וועג אויסצוזוכען —
זיינען די פעדים פון אונזערע לעבענס
מיט פעדים פון אנדערע לעבענס צוזאַמענגעפלאָכטען...
הער איך שוין ווידער דיין רוף?
האָט גאָר די נאַכט קיין שלאָף ניט פאַר דיר?
שוואַרץ איז מיין הויז...
וועל איך אָנצינדען פייער און די שאָטענס פארטרייבען;
וועסטו אויך ווי אַ שאָטען פאַרשווינדען.
אָט הויב איך זיך אויף שוין פון שטול;
טאַפּ אין דער פינסטער דעם לאָמפּ אָנצוצינדען.
עס דערהערען זיך פּלוצים אונהערבאַרע טריט...
דער אויער שלינגט יעדען קלאַנג...
נעהענטער, נעהענטער קומען די טריט.

רגע'ם אין אייביגקייט ווערען פארוואנדעלט.
אַט קלאפּט מען אָן. אַט קומסטו אריין.
און ווידער קלינגט דיין געבעט:
„לאָז מיך זיין דער שאָטען פון דיין פרייד!"

ו

לאנגזאם וויגען זיך די ווערטער דיינע הין און הער.
„לאָז מיך זיין דער שאָטען פון דיין פרייד...
לאָז מיך זיין דער שאָטען פון — "
— נאָר דער שאָטען? טוט דאָס הארץ א צאפּעל זיך.
— יאָ, דער שאָטען, נאָר דער שאָטען — — —
אזוי דארף זיין, אזוי דארף זיין...
בלאסער ווערען אלץ די ווערטער;
האלב פארמאכט איז שוין מיין אויג.
פלאָנטערט זיך נאָך אלץ אין מח:
— „לאָז מיך זיין דער שאָטען פון דיין פרייד — —
לאָז מיך — — פרייד — — זיין — — דיין פרייד...
איינגעוויגט איז שוין דאָס הארץ;
רוהיג שלאָפט שוין דער געדאנק...
— — דיין פרייד — —

ז

הלומ'ט זיך מיר:
וויגען זיך די שאָטענס אויפ'ן שוואַרצען אונטערגרונד.
ווערען ביסלעכווייז אַלץ העל און העלער;
פאַרמלאָזע דרעהען זיי זיך שנעל און שנעלער —
ביז זיי גיסען זיך צונויף אין דיין געשטאַלט.
אַט שטעהסטו שוין נאָהענט, אַט ביסטו שוין
הינטער מיינע פלייצעס.
איך פיל דיין אָטעם אויף מיין האַלז.
איך וויל זיך אַ קער טון צו דיר און דיך נעמען
ביים האַנט.
מיר ווילט זיך דיר זאָגען עפּעס אַזוינס,
וואָס איך האָב דיר נאָך קיינמאָל געזאָגט.
אַט גיט שוין דער קאָפּ זיך אַ הויב;
ער הויבט אָן אָבער פּלוצים ארונטערצוזינקען...
מיר דוכט זיך:
מיט אויגען פאַרמאַכטע זיץ איך אין שטול —
פונקט ווי קיינער וואָלט אין הויז ניט געווען.
דו שטעהסט הינטער מיר.
אַלעס אין הויז פילט און זעט דיך;
האָט דיין אָטעם אויף זיך.

וזעקט דיין אָטעם מיך:

— „הויב אויף דיין קאָפּ, שטרעק אויס דיין האַנט, —
איך וואַרט!“

קען איך דאָס שווייגען ניט אויסהאַלטען מער.
האַסטיג גיב איך פון שטול זיך א הויב,
דרעה זיך אוים מיט'ן פּנים צו דיר,
און מיין מויל וויל אַרויסזאָגען דאָס, וואָס איך האָב
קיינמאָל געזאָגט.

טוט מאָדנע אַ ציטער דיין גאַנץ געזיכט;
דיינע אויגען טוען מיט וועהטאָג אַ בליץ,
דו שפּרינגסט פון מיר אָפּ אַ פּאָר טריט און לאָזט זיך
אויפ'ן סאָפע אַראָפּ.

אַ ווײַלע איז שטיל.

— „בין איך אפשר געקומען צו שפּעט?“

— שפּעט? איך וויים ניט... אפשר.

— זאָל איך אפשר אוועקגעהן?

— אוועקגעהן? וואָס ביסטו אין גאַנצען געקומען?

— מיר האָט זיך געדוכט אַז דו רופסט מיך.

— אַ טעות געהאט!“

אַ פאַרשעמטער הויבסטו פון סאָפע זיך אויף
און מיט וואַקלענדע טריט לאָזטו געהן זיך צום טיר.

איך פאַרלויף דיר דעם וועג;
כאַפּ דיך אָן פאַר׳ן האַנט און שטאַמעל מיט
בענקשאַפט:
— „געה ניט, געה ניט!“
דיין פּנים שטראַלט אויף;
דיינע ברעמען הויבען זיך העכער און העכער.
— „זיי אַ גאַסט איצט ביי מיר, איך וועל געבען
דיר טיי“.
— „שוין דריי איצט דער זייגער“, שטעלסטו מיך אָפּ,
„שוין דריי ביי דער נאַכט!“
— „שוין דריי ביי דער נאַכט?“
ענטפערסטו שמייכלענדיג: „דריי ביי דער נאַכט!
ווילסט איך זאָל אַלע נאַכט קומען צו דיר?
— דריי ביי דער נאַכט?“
איך מערק אין די ווינקלען פון דיינע ליפּען אַ
צינישען שמייכעל —
מיט אַ מאָל ווערט מיר קאַלט — — —
שטיל און ציטערדיג זאָג איך אַרויס: „מעגסט געהן...“

— — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — —

קוק איך פאַרשטיינערט פון שטול אויף דיין פנים.
זעה איך ווי אַ טויטער בלאַסער שיין
לאַנגזאַם צושפרייט זיך, צוגיסט זיך איבער דיין
גאַנצען געשטאַלט;
ווערסט פאַרוואַנדעלט אין אַ גרויסען בלייכען פלעק...
אַט נעמט ער ציטערען; ווערט אַלץ קלענער און
קלענער — קוים אים צו באַמערקען...
פינסטער געוואָרען...

---

שטילע אבענד-שאָטענס הילען מיינע לויפענדיגע טריט.
מיין שוואַכקייט איז צו שטאַרק געוואָרען —
טראָגט זי מיך, אַ הילפלאָזע, צו דיר.
דורך די טונקעלע גאַסען טראָגט זיך מיין געשטאַלט,
און די ליפען מורמלען ווי פאַר זיך:
„איך קום, איך קום!“
וואָס נעהנטער איך קום אָבער צום הויז —
ווערט מיין האַסטיגער געלויף אַלץ שוואַכער — —
עפעס שרעקט מיך אָפּ און פאַרהאַלט מיר מיינע טריט..
לאַנגזאַם קום איך צו צום הויז.
לאַנגזאַם הויב איך זיך פון שטיג אויף שטיג.

אַט טאַפּ איך אין דער פינסטער אָן דיין טיר.
אַ רייף אַן אייזערנע דריקט פעסט מיר מיינע שלייפען...
וואַנדערט אום די האַנט פון זיך אַליין איבער
דער טיר —
וואַנדערט, גראַבעלט זיך און רייסט זיך אָפּ צוריק —
פּלוצים הער איך פעסטע טריט וואָס לאָזען זיך צום טיר.
האָט מיין פינגער דען דאָס גלעקיל אָנגערירט?
האָב איך דען אַ קלונג געטון?
נעהנטער קומען אַלץ די טריט —
ס'איז דיינע טריט — ס'איז דיינע טריט — —
קלאַפּט אין מוח, קלאַפּט און דריקט — — —
איין רגע נאָך — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — —
שטילע אבענט-שאָטענס הילען מיינע איילענדיגע
טריט...

א שטילער שלוכץ,
א קאָנוואולסיווער ציטער,
פעסט געפּרעסטע ליפּען —
שטיל און שטום...

פאַרקריצטע ציין,
געצוקטע אַקסלען,
נאָר פון האַלז ווען הערט זיך
א פאַרשטיקטער ברום.

ניטאָ קיין טרער
אין אויג פאַרמאַכטען,
אין קישען טיף
דאָס פנים קרום.

אליין מיט זיך —
פאַר קיינעמ׳ס אויגען...
דאָס צימער טונקעל,
שטיל און שטום...

א

מיט אַ תפילה אין זיין האַרצען
זיצט ער ביי זיין ארבייט;
זיצט א גאַנצען טאָג און בעט:
„זאָל זי קומען היינט צו מיר!"

טוט אַן עפען ווער די טיר —
ציטערט אויף אין אים דאָס האַרץ.
און ענטווישט אין זיין געבעט
דריקט ער שטיל צונויף די הענט.

ווערען פלוצים ענג די ווענט
אין איר גרויסען, שטומען הויז.
שטיקען, דריקען זיך צונויף,
שטופען זי פון הויז אַרויס.

טראָגען זיך די פיס אליין
גלייך צו אים אין הויז אריין.

פון דערווייטענס הערט ער שוין
אירע לייכטע, שנעלע טריט,
שטראָמט די תפילה פון זיין האַרץ
זיך אריבער אין זיין אויג...

ב

קוקען קוקט ער ניט אויף איר
ווען זי עפענט אויף די טיר.
דריקט די האַנט איר לייכט און קאַלט...
גיט א כאַפּ זיך באַלד צוריק.

בעט איר זיצען געגען אים.
פרעגט ער ווען ניט ווען אַ וואָרט —
קלינגט דאָס קול זיינס מאָדנע טעמפּ,
און דאָס פּנים — שטייף און פרעמד.

בויגט זי זיך אַוועק צום וואַנד
מיט אן איינגעשלאָסען האַרץ...
זיצט און גאַפט... און ער — ער שווייגט —
ווערט דאָס צימער פאַר איר ענג...

נעמען זיי זיך זעגענען,
גיבען זיך די הענט,
מיט אַ מאָל — אַ שטראָם פון ווארימקייט
פון האַנט צו האַנט ;

פינגער — איינגעקלאַמערטע,
אויגען — אויפגעצונדענע, —
צוויי געשטאַלטען גיסען זיך
צונויף אין איין געשטאַלט.

* *
*

היינט שיינט די זון,
מיין פרייד און גליק האָב איך געוואָלט
מיט דיר צוטיילען,
און דיר דערצעהלען:
ווי גוט מיר איז! בין ניי געבוירען!
— — — — — — — — — — — — — —
עס שיינט די זון,
נאָר מיר איז קאַלט —
דו האָסט מיך אין דיין אייז פאַרפראָרען...

איך וויל זיי זעהען היינט
דיינע לאַכעדיגע אויגען,
דיינע אויגען
בליצענדיג מיט אינערליכער פרייד.

קום היינט צו מיר!
איך וויל אין דיינע אויגען קוקען,
דיינע אויגען
טרייבענדיג דעם אומעט פון מיין טיר...

און אויב זיי זיינען טרויעריג
און אומעדיגע היינט —
קום אויך צו מיר
מיט דיינע אומעטיגע אויגען.

איך בענק נאָך זיי,
נאָך דיינע גוטע אויגען,
דיינע אויגען
קוקענדיג אין מיינע שטילערהייד.

שלאָף, פאַרלאָז מיך ניט!
לאָז ניט איבער מיך אליין,
נעם ניט צו ביי מיר די וויזיאָן פון פרייד.

דו ביסט פאַר מיר
מיין לאַנג־געגאַרטע וואהר געוואָרען,
די וואהר אליין — אַ שווערער, בייזער חלום.

לאָז מיך בעסער זיין גענאַרט.
פאַרלענגער מיר ניט דעם קאָשמאר
מיט אויגען אָפען דורך דער נאַכט.
שלאָף, פאַרלאָז מיך ניט!

עס רייסט אַזוי די טירען איצט דער ווינט
און שמייסט מיט כעס דעם רעגען אין די שויבען.

מיין נשמה האָט דערהערט זיין רוף,
זי ציהט זיך צו דעם ווינט אין דרויסען,
אוןביידע מישען זיי זיך אויס
אין איין משונה׳דיגען וואָיען.

וואו וואָיעט איצט דער בייזער ווינט:
אין דרויסען צי ביי מיר אין האַרצען?
חיה, בוים און לויפענדיגען מענשען
בויגט ער צו דער ערד אַצינד אין דרייען,
און יעדער נערוו און יעדעס גליד
ווערט איצט אין מיר צוריסען.

ששש... אַביסעל שטילער, בייזער ווינט!
איך האָב דאָך שוין מיין האַנט ביז בלוט צוביסען.
דעם קאָפּ אין קישען ווילט זיך טיף פאַרגראָבען
און שלאָפען, שלאָפען...

אויגען, אויגען,
וואו איך גײ און שטײ:
זײנען מײַנע אײגענע
צוגעמאַכט צי אָפֿן,
שטענדיק זע איך אויגן צוויי
פֿאַרגליווערטע אין שרעק.

גרינליך־געלב דאָס לענגליך פּנים,
שאַרף פֿאַרשפּיצט און פֿול מיט גאַל,
פֿון אַן אָפֿן מויל עס בלאַנקען,
לאַכן, שצירען
ציין אַרום.

טיף אין קאָפּ אַרײַנגעגראָבן
לעבער קײַלעכדיקע צוויי.
פּלוצים!
אויגען פֿון די טיפֿע לעכער
קוקן אָפֿענע אַרום.

ד׳קאַלטע האַנד פון דעם ערלייזער
אונערוואַרטעטערהייט,
אָנגעכאַפּט דעם האַלז האָט פּלוצים
אונטען שטילערהייט...
זיינען אויגען צוויי פאַרבליבען
אָפענע אין שרעק.

— — — — — — — — — — —

קוק איך ווען אין מענשענס אויגען,
דוכט מיר: לאַכען, לעבען זיי.
פּלוצים — א פאַרגליווערטער
שטאַרט פון זיי דער שרעק אַרוים,
א פאַרפרוירענער,
קילט דאָס בלוט אין מיר
זייער פאָספאָר־שיין.

— — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — —

אויגען, אויגען,
וואו איך געה און שטעה...

דיין וועג איז ניט מיין וועג.
דיין לעבען איז אַ שטילער פרידען
און מיינער — א מלחמה־פעלד.
האָסט דיין נשמה־רייכטום שטרענג געהיט,
און אַלץ פאַרמערט
און די הכנסה דיינע האַלט אין וואַקסען...
דיין וועג איז ניט מיין וועג...
דיין יוגענד האָסטו ניט פאַרשווענדט אין פוסטען שטאָלץ,
אין יאָגעניש נאָך רוהם אויף דעם מלחמה־פעלד פון לעבען...
דיין וועג איז ניט מיין וועג...

דו דאַרפסט ניט קיינעם ארום זיך.
און טרעפסט א מענשען אויף דיין וועג
דיין האַרץ אַוועקצוגעבען —
ווערט ליכטיגער דיין ליכטיג לעבען.
דיין וועג איז ניט מיין וועג...

אליין ביזטו פאַר זיך א וועלט, אין כשוף־קרייז
פאַרשלאָסען;

און איך — פאַר מיר איז קאַרג די ברייטע וועלט —
און בלייב מיט זייפען־בלאָזען...
דיין וועג איז ניט מיין וועג...

פון איין זייט טיר שטעהסטו אַצינד
און הערסט נישט אויף צו קלינגען.
פון וועהטאָג בייס איך זיך די הענט
און דרעה זיך אויף אין רינגען.

עס רייסען זיך די פיס צום טיר —
אין שטול בלייב איך דאָך זיצען,
און הער צונויפגעדרעטערהייט
ווי מיינע ציינער קריצען.

— — — — — — — — — — — —

דער לעצטער קלאַנג פון דיינע טריט
אין שטילקייט ווערט פאַרשלונגען,
און אין דער שטילקייט ווער איך אויך,
ווי דיינע טריט פאַרזונקען.

— — — — — — — — — — — —

עס וועט זיך קיינמאָל מער מיין טיר
ניט עפענען פאַר דיר...

ווער צווינגט אונז אָנהאַלטען דעם שפּיל?
מיר פּלאַגען איינס דעם צווייטען סיי ווי סיי:
איך — מיט מיין געלעכטער און געמאַכטער
פרייליכקייט,
דו — מיט דיין פאַרכמורעט־הערבסטיגען געזיכט.

איז שוין די וועלט דען אַזוי שמאָל,
אַז מעססטען מוזען מיר די גאַסען טריט ביי טריט,
מיט אויגען אָפּגעקערטע אָן אַ זייט,
ווי צוויי געפאַנגענע
אויף אייביג צוגעשמידטע מיט אַ קייט?

די וועלט איז ברייט און גרויס גענוג.
וואַרום ניט גיין דיין וועג אַליין?
און קענסטו מיט׳ן לעבען שלום מאַכען נאָך —
פאַרגין איך דיר.
איך וועל שוין מאַכען מיינע אייגענע חשבונות
מיט דער וועלט...

צו וואָס ביסטו געקומען היינט
און אָנגעקלאַפּט מיין טיר ?

איך האָב געזאָגט דיר :
קענסט מיין שוועל ניט איבערטרעטן מער.

איך האָב געבעטען דיך :
עס מאַכט ניט אויס ווי שווער
עס וועט מיר זיין
ניט אָנקוקען דיך מער —
זאָלסטו ניט דורכקרייצען מיין שטעג.

איך האָב פאַרריגעלט שטייף די טיר
ניט צו דערשפּירען מער
קיין שאָרך, קיין ריר,
וואָס קומט פון דיר
און רויבט פון מיר די טעג.

ווי אַ שוואַך, מיד קינד
נאָך אַ שווערער קרענק,
שלאָפט דער ווייטאָג איצט אין מיר.
צו וואָס ביסטו געקומען היינט
און אָנגעקלאַפּט מיין טיר ?

# דו וועסט מיך זוכען

דו וועסט מיך זוכען ווייט און ברייט
און וועסט מיך ניט געפינען.
וועסט שלינגען שאַרף אַ יעדען קלאַנג —
מיין קול וועסטו ניט הערען.

כ'האָב עפּעס פיינליך ליב אין דיר
מער ווי דיין ליידענשאַפט צו מיר..
עס מאַכט מיין אָרעם לעבען רייך.

טרעפט אָבער אָפּט — דו שליסט זיך אָפּ
מיט שטומע, טויבע טירען.

דו גאַרסט נאָך מיר אַפילו דאַן...
דאָך בלייבסטו פרעמד און אָפּגעטיילט,
און אויסגעשלאָסען בלייב איך פון דיין לעבען.

ווערט שווער פאַר מיר דיין הייסער בליק.
פאַרשלאָסען ווערט מיין האַרץ,
פאַרשלאָסען ווי די מאָרגען בלום
וואָס שרעקט זיך פאַר דער זון.

צו שווער פֿאַר מיינע שוואַכע הענט
דיין פֿאַנצער צוצוברעכען;
אומזיסט מיין קאָפּ אָן וואַנט פֿון שטיין
אַלץ קלאַפּט זיך טעג און יאָרען.

דו ווערסט מיך זוכען ווייט און ברייט
און ווערסט מיך ניט געפֿינען.
ווערסט שלינגען שאַרף אַ יעדען קלאַנג —
ווערסט מיינע טריט ניט הערען.

דיין ליבע האָב איך גנעדיג צוגענומען,
דיין פריינדשאַפט ווייז איך קיניגליך צוריק.
קיניגען, מיט קרוינען פון די קעפּ אַראָפּגעריסענע,
ווערען ניט קיין בירגער,
נאָר פאַרטריבענע,
און מענשען אויסער'ן געזעץ.
און אויב איך געה
פאַרטריבען און הערשאַפטלאָז אוועק פון דיינע
ברעגען —
געה איך שטאָלץ מיין וועג,
און דיין פאַרראַט וועל איך ניט משפּט'ען,
ווייל ליבע איז מיין קיניגרייך,
און גנעדיגקייט — מיין קרוין.

דאָס גאַנצע רעכט צו שענקען דיר אַ טיטעל
אָדער אָן אומרעכט צו פאַרגעבען
באַלאַנגט צו מיר.
ניט דו האָסט געדאַרפט מיר ברענגען
די מתּנה פון פריינדשאַפט.
ווי איך האָב פריהער געלעבט אין אונזער ליבע,
וועל איך נאָך ווייטער זיין און בלייבען:
דיין געליבטע.
כאָטש אָהן אַ קיניגרייך — אַ קיניגען.

האָסט מיך געלאָזען פריי.
און בעטסט אפילו ניט קיין איינציג וואָרט
וואָס זאָל דיין ווייטאָג שטילען,
קיין צוזאָג ניט, אפילו ניט קיין לעצט געשאַנק;
אָ, דו, וואָס פלעגסט פאַרגעטערען
מיין יעדען ריר און בליק,
ווי פרומע גלוביגע זייער גאָט.

האָסט מיך געלאָזען פריי.
וואָלטען בעסער דיינע הענט
געפינען טויזענט וועגען
ווי אזוי צו האלטען מיך געבונדען!

האָסט מיך געלאָזען פריי —
צו קען דען זיין א קייט נאָך שווערער,
ווי דיין באשלוס דער קאלטער,
צי קען א תפיסה זיין נאָך ענגער
פון באפרייטען וועג, וואָס איז פאַר מיר פאַרבליבען?

ווי מאָדנע וואָס דו קענסט ניט זעהן
די קייטען פון מיין איינזאמקייט,
וואָס האלטען אין א קרייז מיך איינגעשלאָסען.

און דאָך — קיין שום בונד אין גאָר דער וועלט
וואָלט האלטען שטארקער ניט געקענט
צו דיר מיך צוגעבונדען, ווי דיין וואָרט,
דיין וואָרט, וואָס לאָזט מיך איצטער פריי.
— — — — — — — — — — — — — — — —
באהאלסט פון מיר דיין טיפע לייד,
מאסקירסט דיין בענקעניש מיט פאלשער פרייד,
וואָס גיט דיר מוטה באגעהן א העלדענטאט...

צי וויים איך דען ניט וואָס דו לעבסט אדורך דערביי?
זאָג מיר ניט:
„כ'האָב דיך געלאָזען פריי!"

# II.

(ירמיִהו אנ—סען געווידמעט)

ביום ים
איך וויל זיין שלעכט
דיין בליק
דיין נאָמען
מיין שטילע היים
פליסט א שטילער שטראָם
די גראָז־שפּרינגעריין
דער קאמף
אין מיטען נאַכט
געוויסען
איין שעה פון פרייד
שניי...
איך געה אַרום איבער דער וועלט...
גאָט
אין לאבירינט

## I

א גאַנצען טאָג האָבען די כוואַליעס זיך געוואָרפען
אויפ׳ן ברעג.
א גאַנצען טאָג האָט מיט רציחה היינט דער ים
געקריצט די ציין.
א שוים א ווייסער האָט געשלאָגען פון זיין
ווילד-צועפענט מויל;
וויים-גרינע וואסער-ווענט האָבען געטראָגען זיך
אין אַ געיעג,
גרייט איינצושלינגען הימעל גלייך ווי ערד.

און מאַמעס זיינען רוהיג זיך געזעסען אויפ׳ן זאַמד,
פאַרטיפט אין פאַרגעניגען פון זיך ברענען אויפ׳ן זון
און איינזאַפּען אין זיך דעם טעם פון גאָרניט טון;
געפירט א לאַנגען, פוילען שמועס פון זומערדיגע טעג,
און דער געברויז פון ים האָט זייער רוה
ניט געשטערט.

און קינדער האָבען זיך נאָך וואסער-שיסעלאך
געיאָגט אין ווייסען שוים, און מיט די כוואַליעס
זיך גערייצט.

אין מיטען פון זיין רווישיגען געיעג האָט זיך דער ים
משונה׳דיג אַ דרעה געטאָן, אַ לאַך געטאָן, אַ ברום
געטאָן
און זיך צעשאָטען אין אַ זילבער־שפּריציגען געלעכטער.
נאָר ביסלעכוויים ווערט זיין געלעכטער שטילער.
די רוקענס ווערען אויסגעגלייכט, די ווענט
אַלץ קלענער.
ער ציט זיך אוים, אַ מידער, אויף זיין פּלאַך.

אָט ווערט ער ווי אַ קלאָרער שפּיגעל,
באַגאָסען מיט אַ ראָזען פאַרב, געמישט מיט גרוי
און וויאָלעט,
און אומשולדיג ווי אויגען פון אַ קינד,
וואָס האָט זיך נאָר וואָס אויפגעכאַפּט פון שלאָף;
ווי אויגען פון דעם קינד,
וואָס ער האָט נאָר וואָס איינגעשלונגען...

א לייכטער ציטער קוים באַרירט זיין פּלאַך...
איצט איז ער שטיל. איצט איז ער שטום...

און אָט די שטומעניש דערשרעקט די מענשען
אויפ׳ן ברעג
און וועקט זיי אויף.
זיי קוקען אויפ׳ן ים, זיי קוקען זיך אַרום,
און עפּעס ווערט אונהיימליך זיי... און עפּעס
ווערט זיי קאַלט...
פּלוצים!
עס שניידט די שטילקייט איבער אַ געשריי:
„מיין קינד! אַ גאָט! מיין קינד!“

איצט רייסט אַ מאַמע ווילד זיך ביי די האָר;
איצט קריצט זי פון פאַרצווייפלונג מיט די ציין,
און ווייסער שוים שלאָגט דורך פון איר
צועפּענט מויל...
און מאַמעס יאָגען זיך מיט שרעק אַוועק פון ברעג
און טוליען זייערע קינדערלאך צו זיך.

דער ים ליגט שטיל.
א לייכטער ציטער קוים באַרירט זיין פלאַך.

## II

אויפ׳ן וואַסער — זילבער־שיין, גלימער־שיין:
זאַמד פון ברעג — אַ קלאָרער, ווייסער שניי,
קושט דעם שניי איצט ווייסער שוים, ווייסער שוים.

שפּילען כוואַליעס זייער שפּיל — כשוף־שפּיל:
יאָגען, טראָגען, איילען זיך צום ברעג —
און צוברעקלען זיך אין ווייסען שוים.

הערט די שטילקייט זייער ליד, אייביג ליד,
און צום טאַקט פון געזאַנג — וואַסער־קלאַנג
טאַנצען פּאָרלעך אינ׳ם שניי, ווייסען שניי.

טאַנצען ריטמיש הין און הער, הין און הער;
דרעהען זיך ווי שאָטענס אויף אַ ווייסען פעלד
איינגעהילט אין זילבער־שיין, מאַטען שיין.

שפּילען פּאָרלעך זייער שפּיל — כשוף־שפּיל:
יאָגען, טראָגען, ווי די כוואַליעס, זיך ביים ברעג —
און צוברעקלען זיך אין ווייסען שוים...

## III

איך ליג דאָ שטיל אויפ׳ן פייכטען זאמד,
א ווינט א קילער גלעט מיין באק...
רויש פון ים און רויש פון מענש
קוים דערגרייכט מיך אין מיין טרוים.
צווישען גרויסען מענשען־טומעל
בין איך מיר מיט זיך אליין...

אין דער ווייטקייט קוקענדיג
דערמאָן איך מיך —
האָסט מיין האנד געהאלטען
און געמורמעלט צו מיר שטיל...
נאָר מיין נאָמען האָט געהערט זיך
הארציג, מילד...
און איך טאנץ,
און איך שפּרינג
מיט הענט צום הימעל אויסגעצויגען:
יעדער געדאנק וועגען דיר
איז א ריטם אין מיין טאנץ...

מיט פארמאכטע אויגען
ליג איך אויפ׳ן זאמד,
און יעדער אבר טאנצט אין מיר...

# איך וויל זיין שלעכט

איך וויל זיין שלעכט!
עס האָט מיר שוין אַזוי דערעסען
שטענדיג גוט צו זיין,
און ראַפינירט און פיין...
אין צאָם מיין הייסע בלוט צו האַלטען
טאָג אויס, טאָג איין —
צוליב דיר...

איך וויל זיין שלעכט!
זיין שלעכט צו דיר און גוט צו זיך אַליין.
כאָטש איינמאָל זאָל
א פלאַקער טאָן דאָס בלוט אין מיר...
אַ בליץ טאָן זאָל די פרייד אין מיר —
דאָך ניט פאַר דיר...

איך וויל זיין שלעכט!
נאָר ווען איך קוק אין דיינע אויגען —
דיינע אויגען
פול מיט טיפען גלויבען —
שטילט דאָס הייסע בלוט זיך איין אין מיר
און איך לעב אזוי,
טאָג אויס, טאָג איין —
— נאָר צוליב דיר...

וועןּ איך באַגעגען צופעליג
דיין בליק אויף זיך —
ווי א בליץ אַנטלויפען ערגיץ אַנדערש דיינע אויגען.
און זיצטו לעבען מיר —
ביסטו א שווייגענדער,
און ענטפערסט בלויז אויף מיינע פראַגען.
דאָך, וואו איך זאָל ניט זיין,
אויב דו געפינסט זיך דאָרט —
דערשפיר איך דיינע בליקען
אויף מיין יעדען קער און ריר.
וואָס שרעקסטו זיך פאַר מיר?

איך האָב דיך לאַנג שוין ניט געזעהן.
היינט,
לייענדיג א בוך , האָב איך דערזעהן דיין נאָמען,
און האָב שוין ווייטער לייענען ניט געקאָנט.
א מאָדנע אַסאָציאציע
האָט זיך גענומען וועבען אין מיין מוח :
דער נאָמען איז מיט מיר פאַרבונדען —
דער נאָמען איז מיט מיר פאַרבונדען...
אָבער ווי אַזוי ?
און פלוצים האָב איך זיך דערמאָנט אָן דיר.
דערמאָנט זיך
ווי דו שטאַמעלסט, רעדענדיג צו מיר,
און זיך צולאַכט.
נאָר לאַכענדיג
האָב איך דערפילט אַ קאַלטען, שטייפען רייף
וואָס האָט צונויפגעדריקט מיין קאָפּ.
און אָפּגעשטאָרבען איז דער שמייכעל מיט
אמאָל...

איך האָב דיך ליב
מיין שטילע, שעהנע היים.

דיין היימליכקייט
איז ווייכע אָרעמס פון אַ מוטער
וואָס גלעטען דעם געבויגענעם קאָפּ פון איר
פאַרוואָגעלט קינד.
פון גאַסיגען געשריי
און פאַלשען, פלאַכען, אויפגעבלאָזענעם טומעל
אַנטלויף איך אין דיין שטילער רוה,
אליין שוין אַ פאַרפאַלשטע, א פאַרפלאַכטע,
ווי אַ ניט גלויבער
וואָס קערט זיך אום אין שוהל
צו לייטערען זיין נשמה.

ווער זאָגט:
מיין הויז איז שטיל און לער?

— — — — — — — — — — — — — — — —

...אָט טאַנצען פיסלאך היין און הער;
מאַמע, קינדער, אַלע אין ראָד —
טראַגט זיך שנעל א קאַראַהאָד:

„האָפּ, האָפּ, קינדער שעהנע,
„טאָפּ, טאָפּ, קינדער קליינע,
„רונד און רונד אַרום,
„קערט צום וואַנט זיך אום!“

מיט'ן קאָפּ אין דער הויך פאַרצויגען,
באַלד ארונטער איינגעבויגען,
טראָגט זיך מאַמע, פּונקט ווי קינד
אין דעם יונגען ווירבעל-ווינט.

טופען פּים און פליעסקען הענט,
הילכען פרעהליך מיט די ווענט.
אַ געפּילדער, א געשריי,
אַז דער קאָפּ, ער טוט שוין וועה.

„קינדער מיינע, זייט שוין שטיל!
ס'פאַלט דאָך איין שוין באַלד דער דיל.
שלעכטע קינדער, שטילער, שטיל!“
שטילער — שטילער — שטיל...

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

הענגען פוסט אַראָפּ די הענט,
שווייגען, שטומע, מיינע ווענט...

* * *

און קער איך זיך, א צווייפלענדע,
צוריק צו דיינע שוועלען —
טאַנצען מיר די ווענט מיט פרייד אַנטקעגען,
און גלעטען מיט א מוטער׳ס הענט
דעם קאָפּ פון איר פאַרוואָגעלט קינד.
מיין שטילע, שעהנע היים.

פליסט אַ שטילער שטראָם אין טיפעניש
פון מיין הארץ.
וואָס מאַכט מיר אוים צו גרוי עס איז דער טאָג
צי קלאָר?
פילפאַרביג ווי דער טורמאלין אין העלען שיין פון זון
רוישט און לויפט אַזוי דער שטראָם זיך טאָג נאָך טאָג
און יאָר נאָך יאָר.

ווילדע בלומען, ווילדע גראָזען וואַקסען אויף
זיין ברעג
אין די ווילדע גראָזען הילט מיין הארץ זיך איין,
און מיין גרויע ווירקליכקייט שפּיגעלט זיך אין שטראָם,
שפילט זיך מיט'ן וואַסער־שוים אין רעגענבויגען־שיין.

זון אין דרויסען — פרייד אין הארצען,
כא, כא, כא!
זינגט א מיידעל — בליקען בליצען,
לא, לא, לא!

שטרעקט די הענט און רייצט דאָס לעבען:
„נעם מיך, נא!
זיך פארמעסטען מיט די כוחות,
כא, כא, כא!“

גלויבט אין יעדען׳ס וואָרט א שעהנעם:
„סטרעקאָזא“,
מיינט דאָס לעבען וועט זיין אייביג:
טרא, טא טא!

און דער טייפעל ווינקט און שמייכעלט:
כי, כי, כי!
קנאַקט צום טאַקט איר מיט די פינגער:
טרי ליו לי!

וואָס רעדט צו מיר דער בוימער־טומעל
אין אַ כמארנעם, נאַסען טאָג?
וואָס רעדט צו מיר דער בלעטער־מורמעל,
דער וואַסער־פּלעסק אין גרויען שטיין?
אַ־האָו — אַהאָו! קנאַלט אויס דער ווינט
און יאָגט זיין קריגס־געשריי אַרויס,
און דרעהט דעם שטויב אין ציילען הויך
און בויגט די צווייגען צו דער ערד.

און בלעטער פליהען, שפּרינגען, פאַלען —
ווי אַ סטייע פויגעל, ווילד פון שיסען,
פּאַטשט מיט פליגלען ברייט־צושפּרייטע,
דרעהט אין קרייזען זיך צושראָקען.

בלויז די שפּיצען פון די בוימער
האלטען נאָך די קעפּ פאַרריסען;
שטאָלץ, עקשנות'דיג, פאַרביסען
לאַכען זיי פון ווינט'ס קאַפּריזען.
אָו־היא — או־היא! יאָגט זיין געשריי
דער ווינט אויף זיי,
און רייסט די שפּיצען פון דער הויך.

און קרעכצענדיג מיט פלוך און פיין,
מיט אַנגסט און צאָרנדיג געוויין
קעמפען נאָך די שטאָלצע קעפּ.
נאָר אומזיסט שוין די באַמיהונג;
ניטאָ פון פריהער שוין מער דער כוח;
מאַכטלאָז פאַלען שוין די פליגעל,
ציטערט קאָנוואולסיוו דאָס האַרץ. —

נאָך איין לעצטע אָנשטרענגונג —
און דער קאַמף וועט זיין צו ענד.
נאָך איין הויב אין טויט-אַגאָניע —
און די שטאָלצע קראַפט וועט זיין באַזיגט.
נאָר דער גייסט — ער לעבט באַהאַלטען.
ער וואַרט נאָר אויס בלויז אויף זיין צייט —
אַ נייער פריהלינג ברענגט אים לעבען,
און ווידער שטאָלץ הויבט ער דעם קאָפּ.

שטיל איז דאָס הויז.
אַלעס שלאָפט און רוהט...
דער רעגען אין דרויסען, ער קלאַפּט זיך אין שויב,
דרינגט אין דער פענסטער פון הויז און ער זוכט —
טאָמער אן אויג נאָך אן אָפענע וואַכט —
ווען פּאַרטרויען זיין אַנגסט אין דער נאַכט....
שטיל איז דאָס הויז.
אַלעס שלאָפט און רוהט...

טוט פּלוצלונג א מענש אין זיין שלאָף זיך א דרעה —
אין האַרצען פאַרדריקט אים פון עפּעס א וועה...
ער עפענט די אויגען און שליסט זיי באלד צו —
עס ווילט זיך אים שלאָפען, ניט שטערען זיין רוה...

שטיל איז דאָס הויז.
אַלעס שלאָפט און רוהט...
נאָר אין דער שטיל, אין דער שטום פון דער נאַכט
הערען זיך פּלוצים אונהערבארע טריט...
דאָס איז די אומרוהה געקומען אהער —
וועקט זיך דער שלאָפענדער, שלאָפט שוין ניט מער...

שטיל איז דאָס הויז.
אַלעס שלאָפֿט און רוהט...
און אין דער פֿינסטערניש דרייסטיג און ברייט
שפּאַנט שוין די אומרוה מיט זיכערע טריט...
שלאָפֿען נאָך אַלע, נאָר איינער ליגט וואַך...
קלאַפּט מאָנאָטאָן זיך דער רעגען אין דאַך...

„...עס וועגדט זיך אָן דיין אייגענעם געוויסען..."
קען מיר ווער דערקלערען, וואָס דאָס איז אזוינס—
אן אייגענער געוויסען?

קומט ווען אין מיין לעבען א מאָמענט,
ווען עמיצער צוטרייסעלט מיינע שעה'ען,
ווי א שטורם טרייסעלט אויף די בוימער אין א וואלד.
דערזעה איך ערשט, אז אין מיר אליין,
אין מיין אייגענעם געוויסען,
האלטען טיפע אָפּגרונטען צועפּענט זייערע מיילער...
הונגעריג און דורשטיג ווארטען זיי
אויף יעדע גוטע אָדער שלעכטע טאַט
און לאַכען — קייכען פון געלעכטער.

קומט ווען אין מיין לעבען א מאָמענט,
ווען עמיצער צוטרייסעלט מיינע שעה'ען,
ווי דער שטורם טרייסעלט אויף די בוימער אין א וואלד.

ווי קען איך דען אין אָט דעם גרויס-געדיכטען וואלד
געפינען דעם געזונטען, אמת שטארקען בוים?

אָט וואַקסען דאָרטען מעכטיג דיקע דעמבען;
דין און בויגזאַם וויגט איר שטאַם די ווערבע;
אָט שאָקעלט גראַציעז די יאָלקע אירע צווייגען,
ווי ברייט־צושפּרייטע פליגעל פון א פלעדער־מויז.
און באַלד נאָך איר,
פון פּאַראַזיטען אויפגעפרעסען,
הויבט צום זון איר קאָפּ די סאָסנע,
און א געטראָפענער פון בליץ
האַלט נאָך אַלץ זיך אויף זיין פּלאַץ,
כאָטש א צושמעטערטער, דער ביכענבוים.
עס דארף בלויז דורך דעם וואַלד
אַ טראָג טאָן פלוצים זיך א שטורם —
ווערט קלאָר פאַר מיר,
וואָס מעכטיג און געזונט ס׳איז דאָ געווען,
און וואָס צופוילט און טויט.

„אַן אייגענער געוויסען...“
קען ווער מיר דערקלערען וואָס דאָס איז אזוינס —
אַן אייגענער געוויסען?

איין שעה פון פרייד —
אין פילסט דעם באָדען פעסט
צוריק אונטער די פיס;
דערפילסט, אַז גאָט
איז ניט פאַרשוואונדען פון דיין הארץ;
אַז ליכטיג איז די גרויסע, ברייטע וועלט,
און פרייע וועגען זיינען
אין דער לענג און ברייט צושפּרייט...
איין שעה פון פרייד — —

ווי שטיל עס פאַלט דער שניי,
אונהערבאר שפּרייט ער זיך
אויף גרויער גאַס,

אויף בוים און דאַך,
און וויקעלט איין די וועלט
אין ווייסען פרידען.

שוין לאַנג פון פענסטער
קוק איך אויף דעם שטילען דרויסען.

אַך, ווען מיין האַרץ,
מיין רעבעלירענד האַרץ,
וואָלט אויך געקאָנט זיך צודעקען
מיט קילען, ווייכען שניי
און אויף אייביג רוהיג ווערען...

איך געה ארום איבער דער וועלט
און זוך אין די אויגען פון מענשען
דעם שטילען צוזאַג פון מיטגעפיל.

מיט ציטערדיגער האָפענונג
און איינגעהאַלטענעם אָטעם פּרוב איך צו טרעפען
נאָך דעם גאַנג פון מענשען —
דעם בליק פון זייערע אויגען.
נאָך דעם בוי פון נאַקען —
דעם אויסדרוק אויפ'ן פּנים.

און מיינע בעטענדיגע בליקען
באגעגענען זיך מיט אויגען
וואס קוקען ניט אויף מיר, נאָר דורך מיר
ווי דורך א פּוסטקייט...

און א פארציטערטע, דערשפּיר איך
זייער קאַלטע גלייכגילטיגקייט צו אַלעם ארום זיי —
אויסער זיך און זייעריגע.

לערענט זיך מיין הארץ
ביסלעכווייס צו בלייבען טויב צום געבעט פון
מיטגעפיל...

— — — — — — — — — — — — — — — —

מיט יעדען טאָג דערשפּיר איך
ווי טיף עס גראבען זיך אריין אין מיר
די קאלטע נעגעל פון דער חיה
וואָס יאָגט א מורא אָן אויף מיר אין אנדערע...

דאָך טליעט אלץ נאָך טיף פארבאָרגען
אַ פונק פון גלויביגער האָפענונג אין מיר —
איז דאָך מיין אויג און הארץ
ניט שטענדיג בלינד און טויב געווען אין מיר.

לאָז איך זיך נאָך איינגעשפּארטער
ארום איבער דער וועלט
צו זוכען אין מענשענס אויגען
דעם שטילען צוזאָג פון מיטגעפיל.

איך ווייס ניט וואו דו ביסט און ווער דו ביסט —
דאָך וואָלט איך וועלען אָט אין דער מינוט
צו גלויבען אין א גאָט.

פאַר דיר מיין קאָפּ צו בויגען
און צו לויבען דיך
פאַר דעם גרויסען חסד וואָס דו טוסט מיט מיר;
צו געבען דיר מיין הייסען דאַנק
פאַר דער טיפער פרייד
וואָס שאַפסט אין מיר,
פאַר יעדער רגע אָדער שעה
וואָס אויף מיין גורל פאַלט
פון דער לאַנגער, גרויער קייט פון מיינע טעג...

אפילו פאַר דעם פּיין,
וואָס זויגט מיין בלוט, וואָס נאָגט מיין הארץ
און טרוקענט אוים מיין מאַרך, אָ גאָט,
וואָלט איך דיר וועלען דאַנקען.

איך ווייס ניט ווער דו ביסט און וואו דו ביסט —
דאָך זוך איך דיך מיין גאַנצען לעבען לאַנג:
אין ברום פון ים,
אין רויש פון ווינט,
אין שטילען מורמלען פון א שטראָם אין וואַלד,
אין יעדען מענשענס בליק
זוך איך דיין פנים צו דערקענען.

און שאַף אליין א גאָט פאר זיך —
ווען דיך געפינען קען איך ניט.

אָט שאַף איך דיך — און אָט צושטער איך דיך,
ווייל דו ביסט דאָך ניט גאָט,
אויב מיין שוואכע מענשען־האַנט קען דיך צוברעכען.

און אייביג בלייבט פאר מיר דיין פנים פרעמד.
איך בלאָנדזשע, א פאר'יתומ'ט קינד
אויף דיינע אומבאַקאַנטע וועגען —
ווייל כ'ווייס ניט וואו דו ביסט, און ווער דו ביסט,
מיין גאָט.

כ'האָב זיך אין לאבירינט פאַרפּלאָנטערט —
קען שוין ניט געפינען מער מיין וועג.
שטעה איך צווישען די געדרעהטע שטעגען —
ווייס ניט וואו צו ווענדען מיינע טריט...

פירען ברייטע שטעגען רעכטס און לינקס;
פירען שמאָלע טרעפּ אַרויף, אַרונטער;
ברענגען זיי צו טירען פעסט פאַרשפּאַרטע...
ברענגען זיי צו וועגען מער פאַרדרעהטע.

אָפּגעריסען האָב איך זיך די נעגעל
רייסענדיג די שטומע, טויבע טירען...
מיד געוואָרען בין איך שוין פון פּלאָנטער
אויף די פרעמדע, קרום־געדרעהטע שטעגען...

וועט שוין אָבער באַלד די זון אַרונטער —
טאָרען מיינע מידע פיס ניט רוהען...
מוז איך זוכען... אין די טירען קלאַפּען...
וועל איך ווען מיין וועג געפינען?